# המן'ס מפלה

— אדער —

## דער פערביטענער משלוח מנות.

א הומאָריסטישע ערצעהלונג

— פון —

## יעקב טער.

פרייז 5 סענט.

דרוק און פערלאג פון

דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,

ברוקלין, ניו יאָרק.

**Published by The Hebrew Publishing Co.**

**122-128 Leonard St., Brooklyn, N. Y.**

# המן'ס מפלה

— אַדער —

## דער פערביטענער משלוח מנות.

אַ הומאָריסטישע ערצעהלונג

— פון —

יעקב טער.

פּרייז, 5 סענט.

דרוק אונד פערלאג פון

די היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני,

122־128 לעאָנאַרד סט., ברוקלין, נויאָרק.

HEBREW PUBLISHING CO.,

122-128 Leonard Street, Brooklyn, New York.

# דער ליטווישער קעניג פון דיא שנאָרערס.

## פון מ. זייפערט.

„דער ליטווישער קעניג פון דיא שנאָרערס" איז איינער פון דיא געלונגענסטע ווערקע וועלכע מ. זייפערט האָט געשריעבען. דאָס איז דאס ערשטע ווערק אין אידיש, וואָס ענטהאַלט איז זיך א מאסע הומאָר, א וועלט מיט סאטירע, וויטץ און שארפזין. „שבתי טרייטעל" דער העלד פון דיעזען ראָמאן, וועלכען דער פערפאסער האָט געקרוינט מיט דעם נאָמען דער קעניג פון דיא שנאָרערס, איז אזוי ריכטיג געשילדערט אזוי מייסטערהאפט בעשריבען און אזוי הומאריסטיש, אז איהר מוזט לאכען אָהן אן אויפהער. יעדע סצענע יעדעס בילד וואָס קומט פאר אין דיעזען ראָמאן מאכט אייך לאַכען ביז טרערען.

דאס גאנצע ווערק קאסט בלויז 25 סענט, מיט פארטא 30 סענט.

---

# דיא פרוכט פון זינד.

## אַ רעאַליסטישע שילדערונג פון גי־דע מאפאסאן.

דיעזער בוך איז איינער פון דיא מערקווירדיגסטע ווערקע וואָס דער גרויסער שריפטשטעלער גי־דע מאפאסאן האָט אויפגע'שריעבען. „דיא פרוכט פון זינד", איז אַ ליטערארישע שילדערונג וואָס מאָהלט אונז אזעלכע בילדער וועלכע ערשטוינען איבערראשען און בעלעהרען אונז.

פרייז, 10 סענט.

---

# פרינצעסין צולייקא.

א ראָמאנטישע ערצעהלונג וואס האָט פאסירט אין אָריענט אין דיא גאנץ אלטע צייטען.

פרייז, 10 סענט.

---

# דיא זילבערנע האָבצייט.

א ראָמאנטישע שילדערונג וואָס איז פול מיט דיא מערקווירדיגסטע און איבערראשענדע פאסירונגען און איז זעהר אינטערעסאנט און שפאנענד.

פרייז, 10 סענט.

צו בעקומען: ביי אללע בוכהענדלער, וויא אויך ביי דיא הערויסגעבער

דיא היברו פאבלישינג קאמפ., 122־128 לעאנארד סט., ברוקלין, נ. י.

I.

# פורים אין שטעדטעל.

---

**דיא שטעדטעל** קעלעם אין קאָוונער גובערניע, וועלכע האט א נאָמען אין דער גאַנצער וועלט פיר א פערשלאָפענע שטעדטעל, איז הייטע ניט צו ערקענען! טראָטץ דעם וואס איז נאך גאַנץ פריה דאס מארגענס, און דער וועטער איז אויך זעהר שלעכט, פון אויבען שיט א שנעה מיט א רעגען צוזאמען, אין דער גאס א בלאָטע ביז דעם גארטעל, דאך זיינען שוין אלע קעלמער איינוואהנער וואך, אונד איבעראל איז צו בעמערקען א זאָנדערבארע טהעטיגקייט.

**דיא** מעננער איילען אין שול אריין האלב יום טוב׳דיג געקליידעט, מיט דעם טלית און תפילין אונטערען ארעם, פיר זייערע פאָלעס שלעפען זיך נאָך דיא קינ־דער מיט גראגערס, המן קלאפערס, דיא ווייבער מיט דיא קאָשיקעס אונטערן ארעם, קריכען ארום אין דער בלאָטע פון איין אָרט צום צווייטען, איינצוקויפען אלע נאטהווענדיגע ארטיקלען לכבוד דעם פרעהליכען טאָג; אין יעדער אידישע הויז ווערט גערוימט, געפוצט, געגרייט דיא טישען, און צווישען אלע מאכלים און נייסערייען, שפילען הייטע דיא דרייא שפיטציגע המן טאשען, דיא הויפט ראָלע, וויל פארשטעהט איהר מיך, הייטע איז פורים אין שטעדטעל!

מעהר אָבער וויא איבעראל, קעהרט זיך א וועלט ביי דעם גביר פון שטעד־טעל, ביי ר׳ פייוועל וויסמאַן אין הויז, וויל ביי איהם ריכט מען זיך הייטע אויף א דאָפעלטען יום טוב, ערשטענס איז דאך הייטע פורים, און כאָטש דיא וועלט זאָגט א ווערטעל אז „פורים איז קיין יום טוב, און קדחת איז קיין קרענק“, דאך איז בייא אונזער ר׳ פייוולען געוועזן פורים דער גרעסטער יום טוב, וויל בייא איהם אין הויז ווערען איינגעלאדען אלע יאהר פורים צו דער סעודה, דער רב פון שטעדטעל, מיט אלע כלי קודש, דער חזן מיט דיא משוררים, און מען איז זיך משמח מיט המנס מפלה ביז טאָג.

צווייטענס איז א סברה אז טאקע הייטע-ביי נאכט צו דער סעודה זאָל זיין א קנס מאהל בייא זיין בת יחידה רבקהלע, מיט ר׳ שמערל האָזענבערגס זונדרעלע זרחל, און חאָטש אלע ווייסען אז זרח קומט צו רבקהלען וויא טאָג צו נאכט, ווייל זיא איז שעהן וויא דיא ליכטיגע זון, קלוג, און עדעל, וועהרענד ער זרחל איז א מיאוסע בעשעפענעס, א גרייסער אידיאָט, און א זאהיקיוואטער דערצו; דאך רע־כענט עס ר׳ פייוועל פיר זעהר א גלייכען שידוך, ווייל דער עיקר אין א שידוך איז דאך ניט חתן כלה זאלען זיך צופּאסען איינער צום צווייטען, זאָנדערען דיא מחו־תנים, דער יחוס זאָלל זיך אויסגלייכען, און אין דיעזער הינזיכט וואר ר׳ פייוועל העכסט צו פריעדען, ווייל ר׳ שמערעל האָזענבערג איז אויך א איד א נגיד, מיט א שעהנער נחלה, און א פרומער איד א למדן דערצו, היינט וואס דארף מען נאָך? אי וואָס, דער זונדרעלע זיינער איז ניט אזא גערא‌ָטענער, דאס מאַכט ניט, דיא קינ־דער וועלען זיך שוין נאכהער אויסגלייכען, א מאָנסביל אז ער איז ניט שעהן, איז אויך קיין אומגליק, און דאס וואס ער איז ניט אזוי קלוג, שאדעט אויך ניט, אביא נור א עהרליך קינד, און פון א שעהנער משפחה.

נאָך גאנץ פריה איז ר׳ פייוועל געגאנגען אין שוהל, אום דאָרטען זיך דורכ־רעדען נאָך א מאָל מיט ר׳ שמערלען וועגען דעם שידוך, און איהם איינלאדען מיט זיין פרוי און מיט זיין זרחל׳ען צו דער סעודה, מען זאל טאקע פאר איין קלאפּ מאכען א תנאים.

ברײנע גיטל ר׳ פייוועלס ווייב, וועלכע האט קיין מאהל ניט געוואגט איהר מאן צו זיין דער ווידער, האט אויך ניט געוואגט צו זיין געגען דער שידוך אבוואהל איהר האט זעהר וועה געטהון דאס הערץ צו פערשלייערען איהר טהייערע רבקהלע פיר אזא ווילדע בריאה וויא זרחל שמערעלס איז; און זיך פרעגען ביי רבקהלען איהר מיינונג, האט זיא געווים גערעכענט פיר א נאַרישקייט, ווארום וואס קען ווי־סען א מיידעל צו זאגען א דעה אין א שדוך?.... זיא איז אויך אויפגעשטאנען גאנץ פריה, געגאנגען אין מארק איינקויפען אלעס וואס נעטהיג איז צו דער סעודה איבערלאָזענדיג איהר בת יחידקעלע נאָך שלאָפענדיג אין איהר שלאָף-צימער.

אָבער וויא דיא ווארהייט איז, האט רבקהלע שוין לאנג ניט געשלאָפען, דען באלד וויא זיא האט ערפאהרען פון איהר פאָטערס פּלאן, זיא צו פערשלייערען מיט דעם אידיאָט מיט זרח שמערעלס, האבען איהרע אויגען ניט געטריקענט פון טרעה־רען, און קיין שלאָף האט איהר ניט גענומען, זיא האָט נור געטראכט פּלאנען, וויא אזוי זיך צו רעטען פון דעם גראָסען אונגליק וועלכער שטעהט איהר פאָר, דען אוי־

סער דעם וואס זיא האט אזא טווינעניכט'ס, אזא ווילדע בריאה וויא זרחל ניט גע־קענט ליעבען ייאר שאן איהר הערץ לאנג פערגעבען, צו איין אנדערען, וועלכעס זיא האט געליעבט מיטען גרעסטען קראפט פון דער ערסטער ליעבע, אונד וועל־כער וואר ווירקליך אייך ליעבעסווירדיג; אונד דיעזער וואר קיין אנדערער, אלס יאנקעלע ר' בערעל ראזענבערגס זאהן, וועלכער האט זיא אויך געליעבט מיט זיין גאנצען לייב אונד זעעלע. ווען זיא האט נור אין דיא געדאנקען פערגלייכט דעם, וועלכען זיא האט ערוועהלט, צו דעם יענינגען וועלכעם איהר פאטער האט פיר איהר אויסקעגליעבען, האט זיא אזש געשווידערט פון שרעק. אינד אבוואהל זיא האט גאנץ גוט געוואוסט, וועלכען שווערען קאמפף איהר שטעהט פאר, דאך האט זיא בעשלאסען, דאס ליעבערסט וועט זיא זיך אליין דאס לעבען נעהמען, אלס נאך צו קאמען איהר פאטערס וואונש, אונד זיך פערבונדען מיט דיעזען ווילדען יונג.

אונד דאס דער קאמפף וועט זיין זעהר א שווערער האט זיא פאראויס גע־וואוסט, דען אויסער דעם וואס יאנקעלע, וועלכער וואר א היינט מאדישער בחור א געבילדעטער, ניט זעהר קיין פרומער, וואס איהר פאנאטישער פאטער אין אופן ניט צו שטימען ער זאל זיין שווינער זאהן זיין, וואר נאך איהר פאטער צוקריעגט מיט בערעל ראזענבערג, אונד שוין העכער דרייא יאהר, וויא זייא רעדען ניט איינער מיט'ן אנדערען.

דיא אורזאכע פון זייער קריעג וואר א דאפעלטע. ערשטען וואר ר' בערעל ראזענבערג א היינט וועלטיגער איד, וועלכער האט פארבראכט זיינע יונגע יאהרען אין א גרויסע שטאדט אין דייטשלאנד, אונד ביי איהם אין הויז האט זיך אללעס געפיהרט. אויפן דייטשעסען ארט, ניט וויא דיא איבריגע פאנאטישע קליין שטע־טעלדיגע בעלי בתים; צווייטענס נאך א וויכטיגערע אורזאכע ווייל זייט ר' בערעל האט זיך באזעצט אין דער שטעדטעל, און האט געעפענט א נייע איינפאהרהויז אויפען דייטשעסען ארט, מיט ריינע צוגעפוצטע צימערען, מיט פלינקע דיענערשאפט האבען אלע דורכרייזענדע אנגעפאנגען צו פארפאהרען אין דער דייטשעסער אכסניה, וויא זיי האבען עס גערופען, אנשטאט וואס פריהער פלעגען זיי קיין אנדער פלאץ האבען, וויא ביי ר' פייוולען אין דער רויטער קרעטשמע; אונד דאמיט האט ר' בע־רעל ראזענבערג צוגענומען בייא ר' פייוולען האלב פרנסה.

טראטץ דעם אבער וואס דיא עלטערען, צווישען זיך ווארען זא ווייט איינער פון צווייטען, האבען זיך זייערע קינדער געפיהלט זעהר נאהנט, ווייל רבקהלע, וועל־כע וואר געבארען פון דער נאטור מיט זעלטענע שעהנהייט, אונד א קלוגען פער־

שטאנד, האָט גאנץ גוט געוואוסט וויא צו שעטצען דיא אלע זעלטענע מעלות, וועלכע יאנקעלע האָט בעזעססען, אונד וועלכע האָבען איהם געמאכט פיר איין אויס־נאהמע, פון אלע יונגע לייט און בחורים פון דער שטעדטעל, דען ער וואר ווירקליך זעהר א שעהנער, א געלעהרענטער אונד אדעלער יונגע, און אזוי וויא מען זאגט דאס איין הערץ פיהלט דאס צווייטע, אזוי האבען זיך דיא ביידע קינדער פערשטא־נען דורך זייערע שטימענע בליקען, דאס זיי זיינען איינער צום אנדערען ניט גלייכ־גילטיג, ביז ענדליך דער צופאל האט זיי געגעבען דיא געלעגענהייט זיך צו ענטדע־קען אין ליעבע איינער פיר דעם צווייטען, זייענדיג ביידע געלאדען אויף איין חתונה, וואו זיי האבען זיך צו געשוואָרען ליעבע אונד טרייע פיר עוויג. זייט דאן האָבען זיי זיך געזעהען יעדע וואָך אלע שבת, אין געהיים אונטערן שטאָדט, אין דעם גע־וויסען וועלדעל פושינע, דאָרט האבען זיי זיך געטרייסט איינער דעם אנדערען מיט זיעסע האפנונגען, וועלכע האט זיך אימער געענדיגט מיט נאך זיעסערע קוסען.

פלוצלונג אָבער האט זיך זייער לויטערער הימעל פערצויגען מיט זעהר פינ־סטערע וואָלקענס, וועלכעס האבען אויסגעבראָכען מיט א פירכטערליכען דאָננער איבער זייערע קעפּ, אונד דאס וואר איהר פאטערס וואונש זיא צו פארשלייערען מיט דעם אידיאָט זרח שמערלס !

דארום איז אויך קיין וואונדער, וואס גראדע אין דעם פריהמאָרגען, ווען אלע קעלמער פערשלאפענע איינוואהנער האבען ערוואכט מיט איין פרעהליכען געדאנק, צו ליעב דעם פרעהליכען גאסט פורים, איז אונזער רבקהלע אויפגעשטאנען פון איהר בעט, מיט רויטע פערוויינטע אויגען, און מיט א קלאפענדעס הערץ, פון שרעק אונד ציטערנעס, איהר קאָפּ האט זיך געשוואָלטען טראכטענדיג פערשיעדענע פלא־נען, וויא זיך צו רעטען, ליידער אָבער האט זיא קיין זאך ניט אויסגעפונען, זיא האט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט, וואס איהרע עלטערען וואָרען יעצט ניט צו הויז, מיט א קלאפענדע הערץ אונד ציטערענדע פינגער האט זיא זיך געזעצט ביים טיש, און האט אָנגעשריעבען א בריף צו יאנקעלען אין וועלכען זיא האט איהם בע־ריכטעט פון איהר אונגליק, אונד געבעטען ער זאל אויסגעפינען א מיטעל זיא צו רעטען, זיא האט געוואָלט וואָס שנעללער דעם בריעף ענדיגען, אונד עס אוועקשי־קען אין געהיים צו איהר יאנקעלען, מיט זייער משרת זעליג דעם טויבען, בעפאָר דיא עלטערען וועלען צוריקקאממען.

II.

# דער טויבער משרת

נאך איין פערזאָן וואר בייא ר' פייוולען אין הויז וועלכער האט זיך שטארק געפרעהט מיט דעם פורים, און דיעזער וואר זייער טויבער משרת זעליג, וועלכער וואר א בחור העכער 30 יאָהר אלט, דום וויא עזעל, אונד טויב וויא דיא וואנד, דאָך האט ער געוואוסט אז פורים איז דער טהייערסטער יום טוב, ווייל דאס איז דער איינציגער טאָג אין יאָהר אין וועלכען ער האט געהאַט דיא געלעגענהייט צו מאַכען אפאר גראָשען צוטראָגענדיג משלוח מנות. איהם האט נור איין זאך געער־נערט, ווארום איז פורים נור איין מאָהל אין יאָהר.

ווען בריינע גיטל איז אוועק אין מארק איינקויפען, האט זיא איהם פארזאָגט ער זאל אלעס אין הויז ברענגען אין אָרדנונג, דאן וועט זיא איהם שיקען צו טראָ־גען משלוח מנות. דאפיר האט ער געארבייט אויף אלע כלים, אום ער זאָל זיך שוין גיכער קענען נעהמען צו זיין בעליעבטע ארבייט, אויף וועלכע ער קוקט ארויס מיט אונגעדולד א גאנץ יאָהר, פון איין פורים צום צווייטען. רעדענדיג צו זיך אליין, און פילאָזאָפירענדיג גאנץ ערנסט.

— וואס אמת איז אמת האט ער געזאָגט צו זיך אליין, חאָטש א עהרליכער איד טאָר ניט קלעהרען צו פיעל, דאָך קען איך ניט פארשטעהן, וויא קומט עס וואס אונזערע חכמים האבען בעגאנגען אזא נארישקייט, תעניתים האָבען זיי אָנגע־מאַכט אָן א ברעג, און פורים, אזא גאָלדערנעם, אזא טהייערען יום טוב, נור איין מאהל אין יאָהר? דאַכט זיך, עס האָט באדארפט זיין פונקט פארקעהרט! מיר אידען האָבען געהאַט א ארץ ישראל, א בית המקדש, א מערת המכפלה, און מיט איין מאָהל האבען מיר גאר נישט, דארפען מיר פאסטען איין טאָג אין יאָהר; אָבער המנס האבען מיר דאך געהאט א סך, און האבען זיי נאך יעצט אויך גענוג, פיעלע האבען שוין געהאַט דיא מפלה, און דיא איבריגע וועלען דאך געווים אויף האָבען המנס מפלה, צום סוף לאָזט זיך אויס, אז תעניתים האָבען מיר א סך, און פורים נור איינעם! עס איז אפילו נאך דאָ א שטיקעל שושן פורים, נור דאס איז קיין יום טוב ניט, ער האט ביי מיר א פנים, וויא א אָרימער קרוב קומט צו א רייכען אויף א חתונה; א רעכטען בעל הבית ווען מען ברענגט שושן פורים משליח מנות, ניט גענוג וואס ער באצאָהלט ניט פאָרען נאנג טרייבט ער נאָך ארויס מיט דער משלוח מנות צוזאמען, ווייל דער עיקר איז דער רעכטער

פורים! פאר א יאָהרען האב איך געמאכט א רובעל מיט זיבען אונד דרייסיג קאָפּיקעס, און דאס יאָהר קען זיין, וואלט איך נאך מעהר געמאכט, נור געה מאך אז עס איז נור איין טאָג פורים! פון גרוים איילעניש ווער איך נור צו טומעלט, צו בייט דיא משלוח מנות'ן און עס ווערט נאכהער א גאנצער רונז צווישען די א בע״י בתים. אָי ווען איך וואָלט געווען אין דער צייט ווען מען האָט דעם פורים אויסגע־טראכט! איז מיין נאמען ניט זעליג, אז איך וואָלט ניט געפּויעלט, אז א גאנץ יאָהר זאָל זיין איין תענית, און פּורימס א סך!

וואָר ווייס וויא לאנג זעליג וואלט נאך פהילאָזאָפירט אויף אזא שטייגער, ווען רבקהלע זאל ניט געווען אריין געהן, און איהם איבערשלאָגען זיין גאנצע פהי־לאָזאָפיע. זיא איז אריינגעקאמען אין זאאל וואו זעליג האט אלעס געמאכט אין ארדנונג, און זיך אימשויענד דאס נימאנד אויסער דעם דיענער איז דא ניטא, האט זיא זיך געווענדעט צו איהם:

— זעליג דוא ביזט דא גאר איינער אליין?

— „זארגט אייך ניט איך וועל שוין אלעס מאכען ריין״; האט איהר זעליג געענטפערט ניט דערהערענדיג וואס זיא פרעגט בייא איהם.

— ניין זעליג, איך מיין וואו זיינען עס מיינע עלטערען?

— געווים מוז שיקען משלח מנות פריהער א אינגערער, דעם עלטערען!

— ניין זעליג—האט רבקה איהם אריינגעשריען אין אויער אריין, איך פרעג וואו איז ערגעץ דער פאטער, דיא מוטער?

— אהא! דער בעה״ב מיט דער בעל הביתטע מיינט איהר? דער בעל הבית איז אין שוהל און דיא בעל הביתטע איז אין מארק.

— זעהר רעכט, האט רבקה געזאגט צו זיך אליין—דאן געבענדיג זעליגען דעם בריף האט זיא צו איהם געזאגט: טראג אוועק זעליג דעם בריף צו בערל ראזענ־בערג, גיעב עס אב זייער זאהן יאקאווען, וועל איך דיר געבען דאפיר א שעהנעם משלוח מנות!

— אהא איך פארשטעה — האט זעליג געזאגט, צו נעהמענדיג דעם בריף — איהר שיקט זיא דעם בריף, זאלען וויסען פריהער אז מען וועט זיי ברענגען א שעה־נעם משלוח מנות? א יאה רבקהלע איך פארשטעה?

— יאה יאה דוא פארשטעהסט—האט איהם רבקה געענטפערט — נור געה שנעל, זאלסט צוריק זיין בעפאר מיינע עלטערען וועלען קאמען.

— וואס זאגט איהר רבקהלע, איך זאל זיי זאגען זיי זאלען אהער קאממען?

— אך מיין גאט! האט רבקה אויסגעשריען אונגעדולדיג—געה שוין שנעל!

— איך געה, איך געה! נאך וואס זאלט איהר אייך ערגערען? — און איז שנעל אוועק מיט דעם בריעף.

וועהרענד רבקה איז דא אליין איבערגעבליעבען, און האט בעטראכט וויא אלעס אין הויז איז יום טובדיג צוגערייט, און קוקענדיג דורך דער פענסטער אויף דער גאס, וויא דאס גאנצע שטעדטעל איז גאר וויא פון דאס נייע בעלעבט, מען לויפט מען געהט, מענער, פרויען, קינדער, דער אין מארק, דער פון מארק, דער אין שוהל, דער פון שוהל, מיט איין ווארט, עס איז איבעראל לעבעדיג, פרעהליך, האט איהר נאך מעהר דאס הארץ צו נויף געפרעסט, און האט מיט טרעהרען אין דיא אויגען געזאגט צו זיך אליין.

— יא, יא! הייטע איז פורים, דער טאג אין וועלכען אלע זיינען פרעהליך, נור איך איינע אונגליקליכע, פאר מיר זיינען אלע פריידען צערשטערט! מיינע פאנאטישע עלטערען ווילען מיך צערשיידען מיט מיין הייסגעליעבטען יאקאבען, און מיט גוואלד מיך צווינגען זיך צו פערבינדען מיט דעם טויגעניכטס, מיט דעם אידיאט, ווייל זיין פאטער ר' שמערעל איז אויך אזא פאנאטיק וויא מיין פאטער איז, א ליעבער גאט! האב דוא מיט מיר מיטלייד! רעטע מיך דורך א וואונדער, וויא דוא האסט א מאהל גערעטעט אין דעם זעלבען טאג דיינע קינדער פון אונגליק! — אונד זיא האט זיך געבעך אזוי ביטטער צו וויינט, אז עס איז געוועזן א מיטלייד צו זעהען.

פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט און יאקאב איז אריינגעקאממען ערשראקען אונד אויפגערעגט, זיך אומקוקענדיג ציטערענדיג אויף אלע זייטען!

— רבקהלע! דוא ביסט דא אליין? האט ער קוים געקענט אויסרעדען!

— יאקאב! וויא האסטו געוואגט צו אונז אין הויז אריינצוקאממען? — האט איהם רבקה געענטפערט ערשראקען; פון זיין פלוצלונגען ערשיינען.

— איך וויים ליעבע רבקהלע, דאס דיינע עלטערען דארפען מיך ניט זעהען דא אין אייער הויז,—האט ער געענטפערט—ווען איך האב אבער ערפאהרען פון דיין בריעף, דעם אונגליק וואס דיך ערווארטעט, האב איך מיך ניט געקענט צוריקהאלטען, און וויסענדיג דאס דיינע עלטערען זיינען יעצט ניט אין הויז, האב איך געוואגט צו דיר קאממען אום דיך צו טרייסטען, דוא זאלסט ניט פערצווייפלען, זאג פערליהרען קיין מוטה, איך וועל שוין אויסגעפינען א מיטטעל וויא דיעזען בונד צו געוו ישטערען.

— אָ וועלכען מיטעל קענסטו דען פינדען - האט רבקה פערצווייפעלט נעענט־פערט.—ווען דיינע עלטערען וואלטעו ועהנינסטען ניט נעווען צוקריענט מיט מיינע עלטערען, וואלטען מיר נאך פיעלייכט געקענט האפפען, אבער יעצט גיעבט קיין האפנונג מעהר, זאנדערען זיך זעלבסט דאס לעבען נעהמען ?.... און זיא האט זיך צו ווינט אויפ׳ן קול.

— איך בעט דיך טהייערע רבקהלע, הער דיך אויף צו ערגערען, איך שווער דיר ביי גאט, דאס־אלעס אין דער וועלט וועל איך אנווענדען, אונד דוא מוסט און וועסט מיינע זיין, דוא ווייסט יא וואויל דאס אהנע דיר, איז ביי מיר מיין לעבען ניכטס ווערטה!

בעפאר רבקה האט צייט נעהאט איהם צו אנטווארטען איז זעליג ארייננעלאַ־פען אין צימער מיט א גרויסען קאשיק אלעס מיט פורימדיגע זאכען וועלכע בריינע ניטעל האט געבראכט פון מארק אויסשרייענדיג מיט פריידע.

— נון דאנקען גאט, יעצט וועט זיך אנפאנגען מיינע געשעפטען, דיא בעל הביתטע האט אזוי פיעל אנגעקויפט, אז עס וועט נענוג זיין די גאנצע שטעטעל צו בעטהיילען מיט משלוח מנותן!—און האט זיך גענומען צום ארויספאקען פון קאַ־שיק, לעקעך, נים, עפעל, אפעלסינעס א. ז. וו. און רחל האט נעזאגט יאקאבען ער זאל שנעלער פערלאזען זייער הויז בעפאר איהר מוטער וועט אריינגעהן.

יאקב האט זיא אומארימט אונד א קוש נעטהון בעטענדיג זיא ניט צו פער־ליהרען קיין האפנונג אונד איז שנעל ארויס פון הויז.

באלד וויא יאקאב האט פארלאזען פייוועלס הויז, און רבקהלע איז אריין ווייי־נענדיג אין איהר צימער, איז אריינגעקומען בריינע ניטעל. יום טובדיג אנגעטוהן, מיט א ווייסען פארטוך, און האט זיך באלד גענומען צו גרייטען דיא משלוח מנותן פיר יערען איינעם וואס עס פאסט, און זעליג דער טויבער איז שוין געשטאנען וויא דער סאלדאט פיר דעם קאמענדאנט פערטיג צום בעפעהל.

— קום אהער זעליג! דוא זעהסט דיא משלוח מנותן? האט בריינע ניטעל צו איהם געזאגט מיט א בעפעהלענדען טאן אנצייגענדיג יעדען טעלער בעזונדער— זעהסטו קוק דיך גוט צו זאלסט ניט האבען קיין טעות, דאס איז פיר יענטע דיא נגידה, און דאס פיר דבורה דיא קלייטניצע, און דאס פיר יאחנע סאפיע ד״א פיר־זאגערען, און דיעזען גרויסען משלוח מנות, צו ר׳ שמערעל האזענבערג, און זאלסט זאגען ר׳ שמערלען מיט דער ווייב, אז מיר האבען געבעטען זיי זאלען קומען צו אונז צו דער סעודה. מיט זייער זונדעלע, וויא עס איז נערעדט נעווען! דוא הערסט?— האט זיא נאך שטארקער אויסנעשריען איהם גלייך אין אויער אריין.

— געוויס הער איך — האט זעליג ברוגז געזאגט וואס מען שרייט צו איהם אזוי,—וואס דען איך הער ניט! איך ווייס שוין אלעס זארגט אייך ניט, איך וועל ניט האבען קיין טעות!—און האט זיך גענימען פערטיג מאכען צום טראגען, נעה־מענדיג איין טעלער אונטער ארעם, דעם צווייטען אונטערן צווייטען ארעם, די איבריגע אין ביידע הענד....

דערווייל איז אריינגעקאמען דיא דיענסט מיידעל זאגען אז דער בעל הבית איז שוין געקומען פון דער שוהל, אוןווארט אין עס צימער אויף דער בעל הבית'טע, זא האט זיך ברײנע גיטעל נאך אמאהל געווענדעט צו זעליגען אויסשרייענדיג הויך:

זעה נור זעליג האב למען השם קיין טעות ניט, צו בייט ניט די משלוח מנות, איבערויפט פארגעס ניט איינלאדען ר' שמערעלען מיט זיין ווייב מיט זייער זונדעלע .. דער סעודה! דוא הערסט? און איז ארויס פון צימער.

— איך הער איך הער! — האט זעליג געבורטשעט ברוגז נאך איהר ארויס געהן,—ערגערענדיג זיך וואס מען גלויבט איהם ניט דאס ער הערט. וואס איז דא ניט צו פערשטעהן? דעם גרויסען משלוח מנות אוועקטראגען צו ר' בערעל ראזענ־בערג, און זאגען זיי זאלען קומען מיט זייער זון צו דער סעודה, און וואס געוועזן איז געוועזן! און מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויס פון הויז אנגעלאדען וויא אן אנגע־לאדענע שיף מיט משלוח מנות, צו צוטראגען עס איבערן שטעדטעל.

---

III

# דער פערביטענער משלוח מנות.

אין דער זעלבער צייט, וואס ברײנע גיטעל האט ארויסגעשיקט זייער טויב'ען משרת מיט זיין משלוח מנות עקספעדיציאן, איז יאקאב געזעסען בייא זיך אין זיין צימער זייער פארטרטאכט, אונד טרויעריג, האלטענדיג אין האנד רבקהלעס בריעף וועלכען ער האט שוין 10 מאהל דורך געלעזען, און האט געבראכען זיין קאפ טראכ־טענדיג, וויא אזוי וואלט ער זיא רעטען, דען אבוואהל ער האט זיא געטרייסט, דאס ער וועט שוין אויסגעפינען א מיטעל וויא זיא צו בעפרייען פון דעם שידוך, צו וועלכען איהר פאטער צווינגט זיא, האט ער דאך געמוזט צו געבען, דאס אין דער

ווירקליכקייט, קען ער דאצו גאָר ניט העלפען, אונד דיזוער נעדאנק, האט איהם נעערגערט צום טוידט.

— יא, יא, א שעהנע בשורה האסטו מיר געשיקט רבקהלע! —האט ער גע־טענהט צו זיך אליין,—נאָך הייטע אבענד וועט מען דיך פון מיר ענטרייסען, אונד מיט גוואלד פערבינדען מיט דעם אידיאָט, מיט זרח שמערעלס, אונד איך, וועלכער קען אהן דיר ניט לעבען, ניט אטהעמען, מוז עס צו זעהען, ניט זייענד אומשטאנדע מיט עטוואס צו העלפען! אָ שיקזאל, שיקזאל! און טרעהרען האָבען זיך גענאָסען פון זיינע אויגען וויא פון א קוואהל.

וועהרענד דער צייט, איז בערעל ראָזענבערג אריינגעקומען אין צימער, אלס דער פאָטער האט בעמערקט זיינע פערוויינטע אויגען, איז ער געבליעבען שטעהן ערשטוינט, ניט וויסענד וואס דאס קען בעדייטען האט ער צו איהם נעזאָגט: פער־וואונדערט.

— וואס איז מיט דיר יאנקעלע, דוא וויינסט? וואס איז געשעהען?

— וואצו זאלסטו פרעגען ליעבער פאָטער דאס, וואס דוא ווייסט אליין, פיר אייך מיינע ליעבע עלטערען האב איך קיינע געהיימניסע!

— אָ, איך פערשטעה וואס דאָ געהט פאָר,—האט זיך ר׳ בערעל אָבגערופען א ביסעל בערוהיגט, דאס וויינסטו געוויס וואס מען נעהמט צו ביי דיר רבקהלען, איך האב טאקע געהערט, אז פייוועל וויל זיך מתחתן זיין מיט שמערעל האזענבערגס תכשיט, מיט דעםווילדען זרחלען, אבער מיין ליעבער זאהן, פארגעס ניט דאס דוא ביזט ניט מעהר קיין קינד, דארפסט דאך אליין פערשטעהן, אז דוא ביזט פאר דעם פאנאטיק קיין שווינערזאהן ניט! אמת רבקהלע איז טאקע זעהר א וואויל קינד, אבער וואס העלפט עס? ווייסמאן ווירד ניע איינשטימען צו דיא פארטהיי, ער דארף האבען פאר א איידים זרחלען, שמערעל דעם חסידים זונדעלע, אָבער ניט אזא היינטוועלטיגען בחור׳ל וויא דוא ביזט.

— אָ, ליעבער פאָטער!—האט יאקאָוו מיט טרעהרען אין דיא אויגען נעבע־טען — האב מיטלייד מיט מיר, וויא אויך מיט דער אונגליקליכער רבקה׳לע, זעה צו שליסען מיט איהם פריעדען, ערקלעהר איהם וויא אונגליקליך ער מאכט דאמיט זיין איינציג קינד, פיליייכט וועט ער דיך געהאָרכען, פאטער!

— דוא ביזט נאָך גאָר א קינד וויא איך זעה—האט זיך בעריל אָבגערופען, ערשטענס וויא קען איך מיך זא ערנידריגען, זיך געהן איבערבעטען מיט ווייסמא־נען, וועהרענד ער האט מיך זאָ בעליידיגט? צווייטענס, ווען איך זאָל עס שוין יא טוהן, נכויבסטו דאס דאמיט ביזטו שוין געהיילט? אָ ניין, ער איז פון דיא פאנא־

טישע, איינגעבילדעטע עלטערן, וועלכע זוכען אין א שידוך נור זייער איינענעם כבוד, ניט אכטענד וואס דאמיט פעראונגליקען זייא זייערע קינדער אויף אימער! ליעבערסט פאלג מיך מיין זוהן, שלאג דיר ארויס פון דיינע געדאנקען דיין רבקה־לען, זיא איז ניט דיא איינציגע אויף דער וועלט, מיר וועלען אויסגעפינען פיר דיר א פאסענדערע פארטיי וויא דיעזע.

— א נייין פאטער! האט יאנקעלע חכיפענדיג געענטפערט — קיין אנדער רבקה'לע גיבט ניט אויף דער וועלט!...... ער האט געוואלט נאך עפעס זאגען, נור פלוצלונג איז שיינדעלע, ראזענבערגס פרויא, אריינגעלאפען אין צימער איבער ראשט און האט געזאגט צום מאן:

— וואס זאגסטו דערצו, בעריל! זעליג דער טויבער פייוויקס משרת האט אונז געבראכט משלוח מנות, און זאגט, אז זיין בעל הבית מיט דער בעל הביתטע האבען נעבעטען, מיר זאלען למע"ה קומען צו זיי צו דער סעודה, און וואס געוועזן איז געוועזן!

בעריל מיט יאקאוו'ען זיינען געבליבען שטעהן ערשטוינט פון דעם נייעס. ענדליך האט זיך בעריל אפגערופען צו שיינדלען:

— און דו גלויבסט עס מיין פרויא, אז פייוויל ווייסמאן וועט אונז פלוצלונג שיקען שלח מנות און איינלאדען צו זיך צו דער סעודה? ניט אנדערס דער משרת האט געמוזט האבען א טעות.

איך קען עס אליין אויך ניט פערשטעהן וויא דאס קומט, האט שיינדעלע געזאגט, אבער עס איז דאך פארט אזוי, אויב דו גלויבסט ניט, אט וועל איך איהם אהער אריינברענגען מיט דעם שלח מנות, פרעג דו אליין ביי איהם! זא־גענדיג דיעזעס איז זיא ארויסגעגאנגען אום אריינצוברייננען זעליגען אהער אין צימער.

— אבער איך פערשטעה גאר ניט, וויא עס איז מעגליך? פלוצלונג גאר זאל ווייסמאן שיקען מיר איבערבעטען, און איינלאדען צו זיך צו דער סעודה? האט פייוועל געזאגט וואונדערענדיג זיך צו זיך אלליין — איך קען גאר ניט פערשטעהן וואס דא טהוט זיך.

— אונד איך פערשטעה עס שוין גאר גוט, — האט זיך יאנקעלע מיט שמחה אבגערופען, דאס האט זיא, רבקהלע, געפויעלט ביי איהרע עלטערן, זיא האט זיי זואהרשיינליך ענטדעקט פון אונזער געהיימער ליעבע, אונד האט געווים אזוי לאנג געוויינט, און געבעטען, ביז זיא האט געפויעלט ביי איהרע עלטערן, זיי זאלען אונז

שיקען איבערבעטען, אונד מיר זאללען קומען צו זייא צו דער סעודה, אך רבקהלע מיין מהייערע ליעבע רבקהלע! האט יאנקעלעי־אויסגעשריען מיט פריידע!

— אומגלויבליך! האט בערעל זיך אפגערופען, דאך אט נעהט דער משרת אהער, וועלען מיר שוין הערען וואס ער וועט זאגען.

שיינדעלע האט אריינגעפיהרט זעליגען, מיט דער משלוח מנות, בערעל האט איהם באלד א פרעג געטהון הויך.

— זאג מיר נור זעליג, האסטו ניט קיין טעות? ווייסטו געוויס אז מען האט אונז צו דער סעודה גערופען?

— א שעהנע שאלה, —האט זעליג געענטפערט — איהר פרעגט צו בייא אונז אויף דער סעודה וועט זיין ברוינפען? אהא עס וועט זיך גיסען וויא וואסער!

— ניין ניט דאס פרעג איך זעליג, איך מיין צו ווייסטו געוויס אז מען האט אונז צו איך צו דער סעודה איינגעלאדען?—האט איהם בערעל נאך אמאהל גע־זאגט נאך העכער.

— א שעהנע פראגע חלעבען צו מיין בעל הבית וועט געבען פאר זיין רבקה־לען נדן? וואס דען ער וועט ניט געבען? זיא איז דאך ביי זיי א בת יחידה קיין עין הרע זאל זיא ניט שאדען!

— ער איז טויב וויא דיא וואנד! — האט ר' בערל לאבענדיג געזאגט —פון איהם קען מען גאר ניט ארויסקריעגען! — ענדליך האט ער נאך שטארקער אויס־געשריען.

— זאג מיר נור זעליג, דוא ווייסט ווער מיר זיינען? וויא רופט מען מיך? זעליג האט קוים דערהערט יעצט וואס ער האט ביי איהם געפרעגט אונד האט זיך געפונען בעליידיגט, דארום האט ער געענטפערט פערדריסליך.

— עה, איהר ווילט פון מיר חוזק מאכען ר' בערל? וואס איז איך ווייס ניט ווער איהר זייט, וויא מען רופט אייך?....

— אלזא גוט —האט ווייטער ר' בערל ביי איהם געפרעגט, — אז דוא ווייסט יא, טא זאג זשע מיר, ווייסטו געוויס אז מען האט דיך צו אונז געשיקט מיט דעם משלוח מנות?

— געוויס ווייס איך—האט זיך זעליג אבגערופען, איך האב דען ניט געהערט וואס מען האט מיר פארזאגט?

— נוא, נוא, דערצעהל אדרבא וויא האט מען דיר געזאגט?

— דיא בעל הביתטע האט מיר עטליכע מאהל אנגעזאגט איך זאל אריינ־קאַנען צו ר' בערל ראזענבערג דעם גרויסען משלוח מנות, און זאגנען

וואס געווען איז געווען, און איהר זאלט קומען צו דער סעודה מיט אייער ווייב און אייער זוהן!

— הכלל שיינדעלע, —האט זיך בערעל אבגערופן צו זיין פרוי,—וויא עס שיינט האט אונזער יאקאב רעכט, א פנים אז רבקהלע האט טאקע אויסגעווירקט בייא איהרע עלטערן, זייא זאלען אונז שיקען איבערבעטען, שיק זייא באלד אָב צוריק אויך א שעהנעם משלוח מנות, און דיר זעליג האט ער געזאגט וועגדענדיג זיך צו זעליגען—נא דיר פיר דיין גאנג,—זאגענדיג דיעזעס האט ער זעליגען דערלאנגט א גאנצען רובעל. זעליג איז אז אויפגע׳שפרונגען פון פריידע און באהאלטענדיג דעם רובעל האט ער זייא אנגעוואונשען ברכות אהן א שיעור נאכהער האט ער געזאגט צו בערלען:

— נוא זאָגט איהר אליין ר׳ בערעל, האבען זיך אונזערע חכמים ניט באנאַרעשט? תעניתים האָבען זיי אָנגעמאכט א סך און פורים אזא טהייערען יום טוב נור איין מאהל אין יאָהר?

— געוויס האָסטו רעכט—האט איהם בערעל געענטפערט לאכענדיג, — איין פורים איז געווים וועהניג!

— הכלל ר׳ בערעל—האט זעליג געזאָגט,—איהר זאלט דערלעבען ביז איבער א יאָהר, מיט אייער ווייב אונד קינדער, איך וועל ערצעהלען פיר אלעמען, דאס אזא גוטער מע״ש וויא איהר זייט, איז ניטא אין אונזער גאנצער שטעדטעל! סטייטש א גאנצען רובעל, א גאנצען רובעל!—און מיט דיא ווערטער איז זעליג ארויסגעגאַנגען פון הויז, טאנצענדיג פאר גרויס פריידע, צוטראָגענדיג ווייטער זיינע איבריגע משלוח מנותן.

— וועהרענד זעליג איז ארויסגעגאנגען האט זיך בערל אפגערופען.

— אזא זאַך וואלט איך זיך קיין מאָהל אין לעבען ניט פאָרגעשטעלט, אז פייוועל ווייסמאַן זאָל שיקען מיר איבערבעטען, ער זאל נאכגעבען, דאס זיין טאָכטערל זאָל חתונה האבען מיט אונזער יאקאָבען? דאס מוז אויך זיין א פורימדיגער נס!

— אָבער וואס זאָגסטו בערל, וועלען מיר טאקע געהן אהין צו זיי צו דער סעודה? —האט שיינדעלע געפרעגט ביי איהר מאַן.

— איך וועל דיר זאָגען דיא וואהרהייט—האט איהר בערעל געענטפערט—ווען אונזער יאקאבען זאל זיך נים וועלען נור רבקהלען, וואלט איך עס אפשר ניט געטהון נור אזוי וויא איהם איז נור רבקהלע געפעלען און דער צו טאקע ווען ווייסמאַן האט געקענט ברעכען זיין שטאָלץ צו ליעב זיין טאכטערל, וועלען מיר פאַרביינגען

אייך אונזער כבוד צוליעב אונזער זונדערלע! קום מיין ווייב, לאמיר זיך מאכען פאר־טיג צו געהן, אויך דוא יאקאב געהסט מיט אונז;

— אָ ליעבער, טהייערער, פאָטער! אונד דוא גוטע מוטער!—האט יאנקעלע אויסגעשריען פון פריידע, אומארעמענדיג זיינע עלטערען—איך בין אזוי איבעראשט פון דער פלוצלינגער שמחה, אז איך געפין קיין ווערטער אייך צו באדאנקען, קומט מיינע ליעבע עלטערען קומט, אך רבקהרע טהייערע ליעבע רבקהלע! מיינע ועסטו זיין מיינע! — און אלע דרייא זיינען געגאנגען זיך פארברייטען צו געהן צו ר׳ פייוועל ווייסמאן צו דער סעודה.

---

IV.

# דער פורים שפיעלער.

ווערענד דער צייט, וואס בייא בערל ראָזענבערג אין הויז איז פאָרגעקומען דיא סצענע מיט זעליג דעם טויבען מיט דעם משלח מנות, איז גראדע דאן זרח׳ל שמעריל׳ס געשטאנען ביים שפיגעל בייא זיך צו הויז און זיך פאָרברייטעט צו ווע־רען א פורים שפילער, בענוצענדיג זיך מיט דער געלעגענהייט וואס שמעריל מיט זיין ווייב פייגע ציפה, זיינען ערגעץ אויסען געווען, האט ער זיך אנגעמאָסטען דעם קאָ־מישען קאָסטיום פון המן הרשע, מיט א 3 שפיצינען קאפעלוש און אויף זיין געזיכט האט ער אָנגעטאָהן א קאָמישע מאסקע און זיך געשפיעלט ביים שפיגעל אין זיין אָריגינעלען אויסזעהען און האט פון זיך אליין אָנגעקוואָלען.

— אָי וועל איך זיין א שעהנער המן,—האט ער פון גרויס שמחה געזאגט צו זיך אליין—איך ניט הערען וואס מאמע זאגט ניט שעהן זיין א פורים שפילער עס דאָך אבער, א מצוה! מאמע געזאגט, מיר הייטע ביינאכט געבען א כלה, ר׳ פיי־וויל׳ס מיידעל. איך וועל טאקע אריינגעהן אהין מיט דיא איברינע פורים שפילער פארשטעלט וויא המן, אָ, זיא זיך דערשרעקען!—אָבער נאָך דעם, איך מיין מאסקע אויסטאָהן, זיא מיך דערקענען, זיא אזש פלאצען פאר געלעכטער, חא, חא, חא!—און דערווייל האט ער זיך צולאכט מיט א ווילדען געלעכטער. אנוא, האט ער. ווידער געזאגט צו זיך אליין צולאכט מיט ווילדען געלעכטער. אנוא, האט ער ווי־דער געזאָגט צו זיך אליין, לאָמיך נור פרואווען, איך קען שוין מיין פורים־שפיעלער

טרע

—און מיט א הייזעריגע שטימע האט ער אנגעפאנגען זינגען מיט א קאָמישע מע־לאָדיע:

„גיט פורים, גוט פורים בראַווע לייט,
ווייסט איהר וואס פורים באטייט?
איהר מיך נור ניט שטערען,
איך אייך ערצעהלען איהר הערען,
געווען א קעניג אחשורוש א נאַר,
געמאכט מיך המן פאר א הארר.“

ער האט ניט געענדיגט זיין זיסע פּאָעזיע, ווייל גראָדע אין דער צייט ווי ער האט זיך אזוי צוהיצט, און איז אריין אין זיין ראָלע, האט ער דערהערט זיין מוטערס שטימע פון צווייטען צימער שרייענדיג אויף׳ן קול אויף דער העכסטער אקטאַווע:

— גוואַלד! איך וועל עס ניט אייסהאלטען, גוואלד! איך וועל מיר דאס לעבען נעהמען!

— אָי, אָי, אָי, דיא מאמע איז שוין דאָ! איך מיז אנטלויפען, זיא מיך זעהן, זיא מיר ניט לאָזען זייז א פורים שפּילער!—זאגענדיג דיזעס האט ער שנעל אַראָפּ־געכאַפּט פון זיך זיין צונעבונדענעם באָרד מיט דער מאסקע, בעהאַלטען עס אונ־טער זיינע פּאָלעס און איז ארויסגעלאָפען אין גאס, ווערענד פייגע ציפּע, שלעפּענ־דיג שמערלען פיר דעם ארבעל, איז אריין אין צימער שרייענדיג מיט קולות און קוויטשענדיג:

— גוואלד, שמערל! איך וועל עס ניט אויסהאלטען! סטייטש אזא חרפּה, אזא בושה, מיר, פייגע ציפּהן, זאל מען אזא בזיון און טאהן! גוואלד, גוואלד!....

— אבער הער דאָך אויף אזוי צו ליאַרמען—האט איהר געפּרואווט שמעריל בערוהיגען,—עס קען זיין דוא האסט אין גאנצען א טעות געהאט, עס קען ניט זיין, איך גלויב עס ניט אז פּלוצים זאל נאַר פּייוויל ווייסמאן שיקען צו בעריל ראָזענ־בערגען משלח מנות, האַסט געמוזט האבען א טעות.

— וואס מיר טעות, ווער מיר טעות,—האט פייגע ציפּה געשריען אין איין קול. סטייטש, איך האב דאָך אליין געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען ווי זעליג דער טויבער, פּייוויל׳ס משרות, האט אריינגעטראָגען צו בעריל ראָזענבערגען אין הויז, א גאנצען בארג מיט משלוח מנות! און אונז האט מען גאר ניט אין זינען! גוואַלד! אזא חרפּה, אזא בושה, גוואלד! גוואלד!

— אָט פאלג מיך פייגע ציפּה—האט זיך שמעריל ב[illegible]ערבע[illegible]יהר געבעטען, הער אויף צו ליאַרמען, עס איז דאָך א חרפּה פיר לייטען און וו[illegible] איך דיר נאָך

א מאָהל, אז איך קען עס ניט גלויבען און גלויב עס ניט! פייוויל וועט בעריל ראָ-זענבערג׳ען ניט שיקען קיין שלח מנות! — שוין 3 יאהר וויא זיי רעדען ניט איינער מיט׳ן אנדערן, בפרט אז ערשט הייטע אין דער פריה, האט ער מיט מיר אבגע-מאכט אין דער שוהל, מיר זאלען קומען אהין צו זיי צו דער סעודה מיט זרח׳לען און טאקע פאראיינס מאכען א תנאים מיט מזל.

— אי אז אָך און וועה איז מיר, — האט פייגע ציפּה מיט א קלאָרינע שטימע ווייטער געשריען — דערפאר איז דאָך מיין וועהטאג אזוי גרויס, וואס מיט אונז האט מען אזוי גערעדט און לסוף זעהסטו ראָך!

— וואס? דוא גלויבסט מיר ניט? האט זיך פייגע ציפּה ארויפגעכאפּט אויף איהם מיט א ווילדע רציחה — מיר גלויבסטו ניט? הייסט עס זאג איך א ליגען? איך, פייגע ציפּה, בין א ליגנערין? אז אָך און וועה איז טאקע צו מיינע יאָהרען אז איך פייגע ציפּה דארף האבען אזא שלימזל׳דיגען מאן און וועלכער זאל האבען א העזה זאגען אז איך בין א ליגנערין! אז ליגען זאָלסטו שוין אין דער אדמה, טא-טע געמרייער.... ווארט דוא אומגליק, דוא שלים מזל מיינער! דוא וועסט שוין בייא מיר האבען המן׳ס מפלה, מענסט זיכער זיין!

איך ווייס, איך ווייס, — האָט זיך שמערעל אָפּגערופען — איך קען דיך אז ביי דיר קען מען האָבען המנס מפלה ניט גראדע פורים, נור אין א מיטטען מיטוואָך! נאָך הער שוין אויף פייגע ציפּע פאָלג מיך, בעסער זאג מיר נור וואו איז דאס אונ-זער תכשיטל, אונזער זרחל? טאָמער קומט מען אונז בעטען צו דער סעודה, און ער איז נאָך ניטאָ?

— יאָ, מען וועט דיך שיקען רופען צו דער סעודה, מענסט זיך שוין ריכטען, קאָם האט מען געשיקט צו בערעל ראָזענבערג מישלוח מנות, דארף מען שוין אונז אויף כפרות! דוא האסט דען ניט געהערט וואָס מען זאָגט? אז פייוועלס טאָכטער איז פארקאָכעט אין בערעל ראָזענבערגס זונדעלע, דעם אפּיקורס.

— אָט הער אויף מיט דיינע נארישקייטען פייגע ציפּה, זאג מיר בעסער וואו געפינט זיך דיין זרחל? וואו איז ער פערשוואונדען אויף א גאנצען טאָג?

— זעה נור וויא ער פרעגט זיך עס אזוי נאך, האט פייגע ציפּה געזאָגט — עס פאָרדריסט איהם וואס דאס קינד איז נעגאנגען זיך אביסעל שפּיעלען, ער מוז גע-ווים זיין מיט דיא פורים שפּיעלער.

— וואס? מיט דיא פורים שפּיעלער? האט ר׳ שמערל אויסגעשריען? — וועה מיר איך וועל עס [illegible] האלטען! שמערל האזענבערגס זונדעלע, א בחור וואס שטעהט שוין [illegible], גאָר א פורים שפּיעלער! און דאס האט ער אלץ דיר צו

פערדאַנקען, דוא האסט געמאַכט פון איהם א לייט, קוים זאָג איך א וואָרט, עפּעני־סטו אויף מיר דיין מענה לשון, און איהם גיט זיא נאָך דיא שמד, נון אט איז ער דיר אויסגעוואַקסען א ווילדע בריאה, א טויגעניכטס.

— זעה נור זעה! וויא ער האט זיך צו דרשנ׳ט! א ווילדע בריאה, א טייגע־ניכטס הערסטו שמערל וואס איך וועל דיר זאָגען, זאל דיר דיין קאפּ פּיר איהם ניט קרענקען, נעסקאסע ער וועט חתונה האבען, וועט ער האבען דעם זעלבען שכל וויא אלע.... הערע מיך אוים בעסער וואס איך וועל דיר זאגען!

— אדרבא לאמיך הערען—האט שמערל געזאגט.

— טהו אן דעם מאנטעל, און קום גלייך מיט מיר! — האט פיינע ציפּה א קאמאנדעווע געטהון וויא א גענעראל צו זיין סאלדאט.

— וואוהין וועלען מיר דען געהן יעצט? האט שמערל פערוואונדערט געפרעגט!

— דוא פרעגסט נאך וואוהין? שלימזל, אומגליק מיינער! אהין צו אונזערע וויסטע מחותנים!

— וואס הייסט? מיר וועלען גאר געהן ניט געבעטענער הייד?

— וואס? בעטען וועט מען דיך? חא, חא, חא, לעבען זאלסטו אזוי!

— טא וויא באלד אזוי וואס האב איך ראַרט צו טהון!

— וואס הייסט וואס! האט פיינע ציפּה אויסגעשריען!—דוא מיינסט באמת אז איך וועל זיי עס שווייגען! אבער גאר ניט! פון פיינגע ציפּען מאכט מען קיין חוזק ניט! איך וועל זיי דארטען אזוי פערשווארצען דעם פּורים, אז זיי וועלען מיר האבען צו געדענקען, וואס מיר האט זיך געחלומט א גאנץ יאהר וועט אויסגעהן צו זייערע הענד און פיס, צו דיין לייב און לעבען, איך וועל מאכען פון זיי א בארג אש דוא הערסט שמערל! איך וועל זיי אזעלכס געבען אז דיא וועלט וועט זיך איבער־קעהרען! נון געכער, נעהם דיין מאנטעל און קום, דוא הערסט אונגליק מיינער! שוין זאג איך, דיא מינוט!

— אבער אום גאטעס ווילען פיינע ציפּה.... האט זיך געוועזען אנגעפאנגען שמערל בייא איהר בעטען, — זיא אבער האט איהם ניט געלאזט מעהר א ווארט אויסרעדען, און האט איהם.געחאפּט פארן ארבעל, שלעפענדיג ארויס פון הויז און שרייענדיג.

— קום שטיק שלימזל! אז פיינע ציפּה זאגט קום, געהט מען! און אויף זא איין ארט זיינען דיא באר פאלק אוועק צו ווייסמאַנען.

V.

# דיא סעודה.

און ביי ר׳ פייוועל ווייסמאַן אין הויז איז ששון ושמחה. צווייא גרויסע טישע זיינען געדעקט און סערווירט כיד המלך מיט משקה, און אַלע מינים פערבייסענס. בייא איין טיש זיצט ר׳ פייוועל וויא א מלך אויפן טראָהן, אויבען אָן דער רב פו שטעדטעל, דער שוחט, דער חזן מיט דיא משוררים, וועלכע האלטען יעצט גראדע ביים זינגען צום דריטען מאָהל שושנת יעקב, און בייא דער צעהנטער כוסה, ביים צווייטען טיש זיצט בריינע גיטל מיט פיעלע ווייבער פון שטעדטעל, און קלייבע נחת פון דעם חזנס שושנת יעקב, און פון המנס מפלה.

— דאָך קען מען ארויסזעהען, אז ר׳ פייוועל זיצט עפּעס ניט אין גאנצען ר־ היג אונד צופריעדען ביים טיש, עפּעס פעהלט איהם, עפּעס איז נאָך דיא שמחה ניט אין גאנצען, דאס קען יעדער לייכט ארויס זעהען פון דעם, וואס יעדער מינוט קוקט ער אלץ אונגעדולדיג צום טהיר, וועלכע פיהרט פון דער גאס; דיא אורזאכע דערפון איז גאנץ איינפאך, ער קען גאָר ניט פערשטעהן; וואס דאס זאל בעדייטען, וואס אזוי שפּעט און ר׳ שמערעל מיט זיין פרוי מיט זייער זונדעלע זיינען נאָך ניטאָ.

ענדליך האט ער זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאלטען, איז ארויס פון טיש, און צוגעהענדיג צום צווייטען טיש, וואו דיא ווייבער האבען געפראוועט זייער סעודה באזונדער, האט ער געפרעגט בריינע גיטלען.

— זאָג מיר נאָר בריינע גיטעלע, אפשר האסטו פארגעסען שיקען ר׳ שמערלען משלוח מנות, און איהם בעטען צו דער סעודה? וואס זיי זיינען אזוי שפּעט נאָך ניטאָ.

— אזא שטיק גאָלד זאָל איך האבען רבש״ע, וואָס פאר א גרויסען משלוח מנות איך האָב זיי אוועק געשיקט מיט זעלינען, אונד איהם אָנגעזאָגט עטליכע מאָהל זיי זאָלען למע״ה קומען צו דער סעודה מיט זייער זרחלען וויא עס איז אָבגערעדט געוועזן. נאָר שאַ, איך הער יעמאנד קאָמט, דאס זיינען זיי געוויס!

אין דער ווילע האט זיך ווירקליך דיא טהיר געעפענט, נאָר אַנשטאָט שמערלען מיט פיינה ציפּהן מיט זרחלען, אויף וועלכע זיי האָבען געוואַרט איז צו זייער ערשטוינען אריינגעקומען בערל ראזענבערג, מיט זיין פרוי שיינדעלע, מיט זייער זון

יאקאבען, יום טובדיג פערפוצט, און אריינגעהענד, זעהר פרעהליך געזאגט אלעמען
א גוט יום טוב!

— פייוועל, ברײנע גיטל, אונד אלע איבריגע, זיינען געבליעבען וויא פער־שטיינערט פון גרויס איבערראשונג, זיי האבען גאר ניט געקענט פערשטעהן וואס דאס זאל בעדייטען, זיי האבען זייערע אייגענע אויגען ניט געגלויבט, דאך האט זיך ר׳ פייוועל באלד בעדענקט, דאס ווען בערל ראזענבערג האט געקענט ברעכען זיין שטאלץ, אונד איהם צוטהיילען אזא כבוד, אונגעבעטענער הייט צו קומען צו איהם אין הויז, האט ער זיך אויך געמאכט הארץ, אונד זיך ניט מאכען וויסענדיג וואס עס איז געווען, האט ער איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, געמאכט פלאטץ צום זיטצען.

— זעצט אייך ר׳ בערל, זעצט אייך! א גאסט חלעבען א גאסט!....

דאס נעמליכע האט אויך ברײנע גיטל געטהון מיט שיינדלען, האט איהר באלד געמאכט א פלאץ. אויבען אן, און געבעטען זיך זעצען.

דיא אלע אנוועזענדע וועלכע האבען געוואוסט דאס בערעל ראזענבערג איז מיט פייוועלן שוין יאהרען לאנג צוקריעגט האבען אויך ניט פערשטאנען וואס דא געהט פאר, נור זיי האבען געדענקט געווים האבען זיי זיך פריהער איבערגעבעטען, און ר׳ פייוועל האט זיי אויך איינגעלאדען צו דער סעודה.

— דער ערשטער איז ארויסגעשפרונגען דער חזן פון שטעדטעל, געצעל שרייער, וועלכער האט אימער געזוכט א געלעגענהייט צו נעהמען א כוסה:

— אזוי גאר ר׳ פייוועל, האט ער זיך אבגערופען, איהר האט אייך שוין איבערגעבעטען מיט ר׳ בערלען? חלעבען מיר טהוט עס דיא גרעסטע הנאה! אסימן האט איהר, אז איך נעהם שוין א ביסעל ברוינפען צו ליעב אייערביידענס פריינדשאפט, אונד ניט דער ווארטענדיג קיין אנטווארט האט שוין אנגענאסען אהיבשען בעכערעל משקה, א טאקע כהרף עין איהם איבערגעקעהרט צו זיך אין חזנישען האלדז אריין, וועהרענד דיא אלע איבריגע געסט האבען איהם נאכגעפאלגט, שרייענדיג לחיים! לחיים! לחיים ר׳ בערעל, לחיים ר׳ פייוועל!

דאן האט דער חזן צו געשטאנען, דאס ר׳ בערעל מיט ר׳ פייוולען, זאללען זיך ניט אנדערש נור צו קוססען פיר אלעמען, וועלכעס איזט אויך געשעהן, אהנע דיא צוויי קוסענדע זאללען וויסענדע דיא ריכטיגקייט וואס דא געהט פאר; בערל איז דאך געווען בייא זיך זיכער, דאס פייוועל האט איהם געשיקט איבערבעטען, פייוועל ווידער, איז געווען בייא זיך צופריעדען, וואס דער שטאלצער בערל ראזענבערג, איז געקומען אומגעבעטענערהייט צו איהם זיך איבערבעטען.

— הכלל איך וועל אייך זאָגען דעם אמת רבותי, האט זיך בערעל אבגערר־פען נאכהער וויא ער האט זיך צוקוקסט מיט פייוולען, — איך בין ר׳ פייוולען קיין מאהל קיין שונא ניט געווען, ער האט מיך יא בעליידיגט, נור יעצט אויף אזא אוי־פ׳ן, בין איך העכסט צופריעדען וואס האט זיך אזוי געמאכט, און בין מודה אז אז מיט דיעזען שריט, האט ר׳ פייוועל נעציינט דאס ער איז דאך א עדעלמאן!

— און איך זאָג אויך דאס זעלבע, האט זיך פייוועל אָבגערופען, אז איך וויל גאָר ניט וויסען וואס עס איז געווען, איך וויים נור אז איהר האט הייטע, מיט איי־ער אהער קוממען, נעצייגט אז איהר זייט א װארער עדעלמאן אונד א אמתר יוד!

דאס זעלבע געשפּרעך איז אויך פאָרגעקומען ביי דעם ווייבערשען טיש, צווי־שען בריינע גיטלען, מיט שיינדלען. װעלכע האָבען זיך אויך צוקוקסט, און יעדע איי־נע פון זיי האט געמאכט, אז זיא האט איהר פריהער איבערגעבעטען זיי זיינען גע־װען אזוי פערטיעפט אין זייערע געשפּרעכען, דאס זיי האבען גאָר ניט בעמערקט, וויא וועהרענד זיי האבען זיך דאָ אויסגעטעהנעט, איז רבקהלע אריינגעקומען פון איהר צימער און זאָל אריין, און וויא איבערראשט איז זיא געװאָרען אלס זיא האט ערבליקט איהר ליעבען יאנקעלע, אונד זיינע עלטערען, זיך אונטערהאלטענדיג אזוי פריינדליך מיט איהרע עלטערען! צו ערשט וויא זיא האט עס ערבליקט איז זיא נעבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט, זיא האט גאָר איהרע אויגען ניט נענ־קויבט, זיא האט נעמיינט דאס זיא זעהט דאס אלעס אין חלום, ענדליך אָבער, האט זיא זיך דאך איבערציינגט אז עס איז ניט קיין חלום, ווייל באלד וויא זיא איז אריינגעקומען איז איהר יאנקעלע אנטקעגען געלאָפען און האט איהר גראטולירט מיט איהר העלדישען זיעג, וואס זיא האט געקענט אזוי וויים ברענגען, דאס איהרע עלטערען זאלען זיי שיקען איבערבעטען, און איינלאדען צו דער סעודה! אונד דאס יעצט איז ער דער גליקליכססטער מענש אויף דער וועלט, ווייל ערשט קענען זייא האפּפען דאס זיי װעלען דאך געהערען איינש דעם אנדערען.

— רבקהלע איז דיא גאנצע צייט געשטאנען וויא א סטאטוע, און װאר ניט אומשטאנדע א װאָרט אויסצורעדען, דען פון אלעם דעם וואס ער האט איהר דאָ אָנגערעט, און אָנגעװאונשען, האט זיא קיין װאָרט פערשטאנען! מיט וואס האט זיא דאָ נעזיענט? ווארום וויים זיא גאָר ניט דאפאן, דאס איהרע עלטערען האָבען געשיקט זיי איבערבעטען? מיט איין װאָרט זיא האט ניט נעגלויבט איהרע אויגען ניט איהרע אויערען, ענדליך ווען זיא איז א ביסעל צוזיך נעקומען, האט זיא איהם געבעטען ער זאָל זיך זעטצען, און זאָל איהר דייטליך ערקלעהרען וואס דאָ נעהט

פאַר! ווייל זיא פארשטעהט קיין וואָרט ניט וואס ער האט איהר דאָ מיט אמאָהל אָנגערעדט.

זיי זיינען אַוועק אין א ווינקעל זאלע, און זיך געזעצט איינס לעבען אנדערען און יאַנקעלע האט איהר אָנגעפאנגען ערצעהלען מיט זעליגען מיט'ן משלוח מנות, וועהרענד דער צייט האט שענדעלע נעזאָגט צו ברייגע גיטלען אונד צייגענדיג אויף יאַנקעלען מיט רבקהלען:

— וואס זאגט איהר צו אונזערע קינדער? וויא שטארק זיי ליעבען זיך? דער חזן וועלכער האט עס דערהערט און פערשטאנען אז דאָ קען מען ווידער נעהמען א כוסה האט זיך אבגערופען הויך.

— אזא יאָהר אויף מיר, וואס פאר א טהייערל פּאָרל דאס וואָלט זיין! חלע־בען ר' בערעל און איהר ר' פייוועל, אז היינט איז שאהן יא אזא שמחה, אפשר וואָלטען מיר טאקע פאר איין קלאפּ זיי צו ווינשען מז"ט.

אלע האבען נעזאָגט דאס דער חזן האט טאקע רעכט אין דאס זיי פּאססען זיך ווירקליך איינס צום אנדערן, אונד פאר וואס טאקע ניט מז"ט? הכלל ר' פיי־וועל איז דאָ עפּעס אריינגעחאפּט געוואָרען אין אזא לאגע אז ער האט אנדערש ניט געפונען וויא צו ענטפערען.

— מיילע, אז א וועלט זאָגט עס איז גלייך זאָל טאקע זיין לחיים! און וויא א דאָננער האבען אללע אויסגעשריען מז"ט! יעדער האט אויסגעטרונקען זיין גרע־זעל צו ווינשענדיג זייא גליקליכע יאָהר, פּלוצים אין דער רעכטער שמחה, האט זיך דיא טהיר געעפענט, און פייגע ציפּה אריינשלעפּענדיג שמערלען פאַרן ארבּעל איז געבליעבען שטעהן ביים טהיר ערשטוינט. אלס זיא האט דערזעהן וויא בערל מיט פייוועלען זיצען איינע לעבען דיא אנדערע, דאס גלייכען ברייגע גיטעל מיט שיינדע־לען, וויא אויך יאַנקעלע מיט רבקהלען, אונד אלע שרייען שוין מז"ט! דאָ האט זיא זיך שוין ניט מעהר געקענט איינהאלטען און וויא פון א פייעריגע קאַנאָנע האט זיא אויסגעשאָסען שטויסענדיג שמערלען'ס מיט איהר פויסט אין קאָפּ אין דיא זייי־טען שרייענדיג.

— נוא! וואס וועסטו איצט זאָגען שלימזל מיינער? ווער איז גערעכט? פייגע ציפּה איז א ליגנערן? הא? זאָג, דוא שטיק מנובל ווער איז א ליגנער? זעה קוק דיך גוט צו און קלייב נחת, אָט האָסטו דיר, און וויים אז פייגע ציפּה זאָגט, ווייס זיא וואס זיא זאָגט!

אלע זיינען מיט א מאהל געבליעבען שטעהן ערשטוינט, ניט וויסענדיג וואָס דאָ נעהט פאָר, און נאָך איידער זיי האָבען צייט געהאַט צו זיך צו קומען, האט זיא

צו נעשלעפט שמערלען, וועלכער איז געבליעבען שטעהן וויא א אבגעמיישפעטער צום טיש, און האט אויסגעשריען אויפ'ן קול.

— נו וואס שטעהסטו נאך דוא ליימענער גולם, וואס שווייגסטו? גיב איהם אז דער שווארצער יאהר זאל איהם נעהמען!

— אט אזוי ר' פייוועל האט איהר אונז אפגעטאן? פון מיר, פון שמערעל האזענבערג חווק געמאכט? יעצט זעה איך טאקע ארויס אז איהר זייט א שבתי צביניק א כל בוניק א פשע ישראל א פאלשע זאך א....

— אין דער זעלבער צייט האט פייגע ציפה געגאססען מיט איהר צינגעלע שוועבעל און פעך אויף ברײנע גיטלען, אז דיא וועגד האבען געציטערט, זיא האט איהר ניט געלאזט א ווארט אויסרעדען צוריק, זיך צו פערטהיידינגען זיא האט גע־קאכט, געברענט, געשאלטען מיט אלערהאנד קללות נמרצת.

— אבער נאט איז מיט אייך! פאר וואס קומט עס מיר אזוי, וואס האב איך אייך דען אזעלכס געטהון? האט זיך ר' פייוועל געפרואווט פערענטפערען, דאס זעלבע ברײנע גיטל פון איהר זייט, פיר פייגע ציפהן.

— שווייג דוא עוכר ישראל, דוא שבתי צביניק, ער האט נאך א העזה פרעגען וואס ער האט אונז געטהון? האט פייגע ציפה געקוויצעט אויפ'ן אויבער קעלכעל, פון מיר פון פייגע ציפהן זאל מען חווק מאכען! און איך דער נאר בין שוין געוועזען פארטיג זיי געבען אונזער זרחלען פאר א איידים אבער יעצט, א מכה, א קרענק, זיא איז מעהר ניט ווערטה וויא דעם כל בוניק! דעם אפיקורס דעם שיי־נעץ.... און האט אנגעציינגט אויף יאקאבען,

— זאגט מיר נור פייגע ציפה, האט זיך שיינדעלע אבגערופען, וואס פאר א בעזעם האט איהר פון מיין יאנקעלען דען געזעהען?

— פשי, עס טהוט זיך מיט איהר יאנקעלע! א טהייערע מציאה! אבער צו מיין זרחלען קומט ער דאך ניט!

— געוויס איז ער ניט אזא אידיאט וויא אייער זרחל האט זיך פלוצלונג רבקהלע אבגערופען!

— אך דוא ימח שמוניצע! — האט פייגע ציפה געקוויצעט — מיין זרחל איז דאך....

— א פורים שפיעלער! האט יאנקעלע לאבענדיג אונטער געחאפט.

— וואס? א פורים שפיעלער? — אז ניט דער לעבען וועלען נאך מיינע שונ־אים, אז מיין זרחל זאל זיין א פורים שפיעלערן, אין דער מינוט איז זעליג דער טור־בער אריינגעלאפען מיט א אינפעט שרייענדיג.

— בעל הבית! בעל הביתטע לעבען! זיי קומען, זיי זיינען שוין דא!

— ווער קומט? ווער איז שוין דא? האבען אלע פערוואונדערט געפרעגט!

— זייא! זייא! דיא פורים שפיעלער! האט זעליג געענטפערט איבערראשט פון גרויס שמחה, און טאקע אין דער מינוט זיינען אריינגעקומען דיא פורים שפיע־לער צווישען וועלכע וויא מיר וייסען וואר אויך זרח'ל פערקליידעט אלס המן, זינ־גענדיג זייער פורים שפיעל, ווערענד דער צייט האט זיך זרחל אלץ נעהנטער צו גערוקט צו רבקהלען, זיא צו איבערראשען וויא ער האט צו ערשט געפלאנעוועט, און ווען רבקהלע האט זיך אבגעווענדעט אן א זייט, ניט וויסענדיג ווער דער המן איז, האט ער פלוצים אויס געטהון פון זיך דעם בארד מיט דער מאסקע, און מיט א אידיאטסקען געלעכטער האט ער אויסגעשריען:

— שרעק דיך ניט מיידעלע, דאס איך, דיין חתן זרחל! איך בין עס דער המן!....

— אזוי? דוא ביסט עס דער המן? האט רבקה לאכענד געענטפערט, נוא ועסטו טאקע האבען המנס מפלה! אין דער צייט האט יאקאב גזאגט צו פייגע ציפהן.

— נון פייגע ציפע, אט האט איהר אייך אייער פורים שפיעלער.

אלע האבען אויסגעשאסען מיט א געלעכטער אנקוקענדיג דעם ווילדען זרחלען אין דעם קאמישען קאסטיום פון א פורים שפיעלער, ווערענד פייגע ציפה האט איהם געשטורכעט אין זייט זאגענדיג:

— וואס האסט עס געטהאן מיין קינד? וואס איז עפעס פאר א פורים שפיעל?

— מאמע! פאר וואס רעדט דיא מיידעל מיט יאנקעלען? דוא דאך געזאגט זיא איז מיין כלה!—האט איהר זרח געפרעגט.

אין דער צייט האט זעליג דערזעהן בערכען צווישען דיא געסטע, האט ער אויסגעשריען מיט פריידע.

— הערט אויס! איך מוז עס אלעמען דערצעהלען! איהר זאלט וויסען דאס דער פיינסטער, דער שעהנסטער בעל הבית פון אונזער שטעדטעל, איז ר' בערעל ראזענבערג, א גאנצען רובעל האט ער מיר געגעבען פאר דעם משלוח מנות ברענ־גען, א גאנצען רובעל! איך זאל אזוי דערלעבען מיין חתונה! איהר גלויבט ניט אט איז עס! ואגענדיג דיעזעס האט ער ארויסגענומען א רובעלדינען בילעט פון קעשענע און אלעמען געצייגט.

— אזוי איז דיא געשיכטע? האט ר' פייוועל געזאגט צו זיך אליין אלס ער

האט עס דערהערט, יעצט פערשטעה איך שוין אלעס! אונד ווענדענדיג זיך צו אלע געסטע האט ער אזוי געזאגט.

— הערט אויס רבי, אונד רבותי! איך בין זיך מודה ומתודה אז איך האב געוואלט בענעהן א גרויסע זינד אנטקעגנען מיין אייגענע קינד, זיא צו פערשלייערן פיר אט דעם פורים שפיעלער, נור דער רבונו של עולם האט מיט מיין קינד מיטלייד געהאט און געמאכט מיין טויבען משרות פיר זיין שליח. דיא פעלערען וואס איך האב ניט דער זעהן, האט ער פעררוכט מיט זיין ניט הערען, אנשטאט אוועק צו טראגען דעם משלוח מנות, און איינלאדען צו דער סעודה ר' שמערל האזענבערגען, האט ער עס אוועקגעטראגען צו ר' בערל ראזענבערג, אונד זיין טעות האט מיין קינד געראטעוועט פון גרעסטען אונגליק וויא איך האב מיך יעצט איבערצייגט! קומט אהער מיינע ליעבע קינדער דוא רבקהלע, אויך דוא יאנקעלע! איך זעה ארויס אז דער זיווג איז מן השמים, זאל גאט געבען איהר זאלט אייך ביידע עלטערען אין עושר און כבוד! און מיר אייערע עלטערען זאלען פון אייך נחת האבען!

אלע האבען אויסגעשריען מז"ט! מז"ט! מען האט זיך צוקושט פון דאס נייע און געטרונקען געגעסען זיך משמח געווען ביז טאג, ווערענד שמערעל מיט פיינע ציפהן, מיט זייער בן יחיד, זיינען אוועק בחרפה ובבושה, אבל והפוי ראש, און דער פורים שפיעלער המן האט טאקע געהאט המנ'ס מפלה!



VI

# מגלת חעלם.

ויהי בימי קלונימוס הפרוש, און עס איז געווען אין דער צייט ווען דער דרדקי מלמד קלונימוס הפרוש, המולך, וועלכער האט געקנעלט מיט זיעבען און צוואנציג קינדער און האט געוואוינט אין דער שטאדט חעלם, אויפען בערגעל, נעגען דער שוהל, און ער האט געהאט א ווייב מלכה, און דריי ערוואקסענע בתולות.

עשה משתה, האט זיך איהם פערגלוסט מאכען א סעודה פורים אום צו צייגען דער וועלט, אז א דרדקי מכמד ווייס אויך וואס גוט איז.

שבעת ימים, נאך זיעבען טעג פאר פורים האט רבי קלונימוס הפרוש געזאגט צו זיין ווייב מלכה, זיא זאל מאכען פורים צו דער סעודה א טייגעכץ.

ותמאן המלכה, און זיין מלכה האט ניט געוואלט פאלגען זיין בעפעהל, און האט איהם ערקלערט דאס פיר א דרדקי מלמד איז א טוינעכץ א צו רייכער מאכל, עס דארף אפקאסטען דעם מלכות אוצרות, מעהל, שמאלץ, צימרינג, נענעלאך, מיט איין ווארט אז אזעלכע טהייערע מאכלים איז ניט פיר זיי בעשאפען געווארען.

ויאמר קלונימוס הפרוש, און ר׳ קלונימוס האט א זאג געטוהן נאך אמאהל מיט א הארבען ווארט, אז ער זאגט „טייגעכץ"! מוז בעשאפען ווערען א טויגעכץ אי וואס, עס דארף קאסטען א סך געלד, מוז זיא אבשפארען פון דער גאנצער וואך, און צונויפקלייבען אזוי פיעל געלד עס זאל זיין גענינגען צו מאכען א טוינעכץ.

וכראות המלכה, און אז זיין ווייב מלכה האט ארויסגעזעהען דאס זיא וועט נאר ניט אויספיהרען, האט זיא א גאנצע וואך געהונגערט מיט דיא בתולות, ביז זיא האט צונויף געזאמעלט דרייסיג גראשען וועלכע עס מוז קאסטען א טוינעכץ.

ויהי היום, און דאס ווייסען מיר דאך אז וואו נאר א ויהי, מוז זיין א צרה, עס איז געקומען דער פריהמארגען פון דעם טאג פוריב, ר׳ קלונימוס פרוש איז אוועק אין שוהל הערען דיא מגלה, און זיין מלכה איז אוועק אין מארק, איינקויפען אלע נעטהינע זאכען פיר דעם טוינעכץ, האט זיא צום אונגליק באגעגענט אויף דעם וועג א מאן (יש אומרים, אז דאס איז געווען דער יוצר הרע אליין פארשטעלט אין דעם געשטאלט פון א מענשען) וועלכער האט געטראגען אין א קארב פערשידענע סחורות, און אויך ווייבערשע זאקען.

וכראות מלכה, אונד ווען מלכה האט דערזעהען דיא זאַקען, האט זיא זיך דערמאהנט דאס איהרע דריי גרויסע טעכטער געהן נעבעך באָרוועס, און ניט ווי־כענדיג האט זיא א פרעג געטוהן וויא טהייער עס קאָסט א פּאָאר, אונד אלס דער מאַן האט געזאָגט דאס בלויז צעהן גראָשען האט איהר דער יוצר הרע אָנגעפאַנגען צו רייצען, און האט איהם ניט געקענט באון אופן גובר זיין, און זיא האט זיך ענט־שלאָססען אז עס מעג געשעהן מיט איהר וואס עס וויל, און אָנשטאָדט צו קויפען דיא ארטיקלען פון דעם טויגעכץ, האט זיא געקויפט דריי פּאָאר זאָקען, האט עס געבראַכט א היים אריינגעלעגט אין קאסטען קיינער זאל עס ניט בעמערקען, און האט שוין געוואָרט מיט אונגעדולד, איהר מאַן זאל שוין קומען פון דער שוהל, און זיא זאל שוין גיכער אָפּקומען איהרס אויף דער וועלט.

ואף כי ידעה, און חאָטש זיא האט געוואוסט גאַנץ גוט אז טרוקען וועט זיא ניט אָפּשניידען פון איהר מאַן וואס זיא האט עובר געווען זיין בעפעהל, דאך האט זיא זיך געטרייסט דאמיט, אז דערהרגענען וועט ער זיא דאָך ניט, און גט'ן אויך ניט, ער וועט שרייען שעלטען און אפּשר טאקע מכבד זיין מיט א פּאָאר קלעפּ אויך, מייכע! וואס זאָל מען טוהן, זיא איז דאך שוין צוא דעם סאַי וויא סאַי גע־וואוינט. דאפיר אָבער וועלען דאך איהרע דרייא ערוואקסענע בתולות האָבען וואָס צו טראָגען.

ובעת ההיא, און אין דער זעלבער צייט וואס דער יצר הרע פון דיא זאקען איז געלונגען צו איבעררעדען מלכהן צו בעגעהן דעם שרעקליכען פערברעכען, האט ר' קלינימוס פרוש פארבראכט אין שוהל אין דאוונען בשמחה ובטוב לב; דער גר־טער געדאנק, דאס קומענדיג צו הויז וועט ער שוין געפינען זיין טייגעכץ פארטיג אויסגעבאקען, דאס אלליין האט איהם צו געגעבען מעהר התפעלות און ער האָט זיך דאָרט געשפּעטיגט מעהר פון אללעם.

ויהי כבאו הביתה, און עס וואר אלס ר' קלונימוס פרוש איז געקומען אהיים צוריק פון דער שוהל, האט ער אב געגעבען זיין מכלה אברייטען און אפּרייליכען גוט יום טוב, ער האָט גאַנץ געלאססען אויפגעהאנגען זיין טלית זעקיל אויף דעם פלעקעל און אויך זיין זופּעצע, געטוהן אנגעשמאקען שמעק טאבעק, אריין געשטעקטביידע העגט אונטערן גארטעל, און האָט זיך אוועק געשטעלט גלייך אנטקעגען זיין מלכה, קוקענדיג פרעהליך גלייך אין איהר געזיכט, האט ער מוטהיג אפרעג גע־טוהן, נוא?! —

— וואָס נוא?! האט מלכה געפרעגט זיך ניט מאכען וויסענדיג.

— וואס הייסט וואס? וואס הערט זיך מכות?....

— איך ווייס ניט וואס דוא מיינסט מכוח, האט זיא ווייטער קאלט גע־ענטפערט.

— וואס הייסט דוא ווייסט ניט, האט ר' קלונימוס שוין אביסעל מיט כעס גענפערנט, היתכן? ווייסטו דען ניט אז איך מיין דעם טייגעכץ? וואס הערט זיך, איז ער שוין אבגעבאקט? פערטיג?

— יאה, שוין פארטיג! האט מלכה געענטפערט מיט א שטארקען זיפץ, פיהלענדיג דאס אט אט ברעכט אויס דער ווילדער שטורם איבער איהר קאפ.

— נוא לאמיך עס האטש אנקוקען! האט קלונימוס אונגעדולדיג געזאגט.

— קום איך וועל דיר צייגען, — האט מלכה געזאגט ציטערנדיג — און האט איהם גלייך צוגעפיהרט צום קאסטען, האט אויפגעהויבען דעם דעק וועלכען זיא האט צוגעהאלטען מיט איין האנד און מיט דיא אנדערע האט זיא איהם געצייגט אויף דיא 3 פאאר נייע זאקען וועלכע זיינען דארט געלעגען, זאגענדיג:

דוא זעהסט? דאס איז אונזער טייגעכץ!

כרעם בגלגל, וויא א גראססער דאננער שלאג וואלט איהם געטראפען, אזוי האבען דיא ווערטער געווירקט אויף איהם, בעת מעשה האט ער זיין פער־שטאנד פערלוירען, זיינע אויגען האבען זיך אנגעגאסען מיט בלוט, און וויא א ווילדער טיגער האט ער זיך צו איהר אוואָרף געטוהן שרייענדיג מיט א ווילדע שטי־מע: ארורה! בעגלייטענדיג מיט א שרעקליכען קלאפ איבער איהר קאפ, זיא איז בעת מעשה אזויא צו טומעלט געווארען, דאס זיא האט גאר ניט געוואוסט וואס צו טוהן, און האט זיך אוואָרף געטוהן אין קאסטען אום זיך צו בעשיטצען פון זיינע קלעפ, און ער נאך איהר. ווערענד זייא האבען זיך דארט געראנגעלט, האט זיא אבגעלאזען איהר האנד וועלכע האט ביז יעצט צו געהאלטען דעם דעק פון קאס־טען, דער שווערער דעק איז געפאללען אויף זייא אונד פון דעם שטארקען קלאפ האט זיך דער שלאס פערהאקט און ר' קלונימוס מיט זיין מלכה זיינען ביידע גע־בליבען פערשלאססען אין קאסטען.

ויתרוצצו בקרבה, אונד ווערענד זייא האבען זיך דארט געראנגעלט, האט דער קאסטען וועלכער איז געווען אויף רעדלעך אנגעפאנגען אומפאהרען איבער דעם צימער, ביז ער האט זיך אנגעקלאפט אן דער טיהר, פון שטארקען קלאפ האט זיך דיא טיהר געעפענט, און דער קאסטען איז גלייך ארויס אויף דער גאס, [illegible] דאן בארג אראפ, און אזוי וויא זייער שטיבעל איז געשטאנען פונקט נעגען [illegible]והל איז דער קאסטען גלייך אריינגעפאהרען אין דיא פאלטס פון שוהל [illegible]נער האט עס ניט בעמערקט.

אחר הדברים האלה. נאכהער וויא דיזער אוננליק האט פאסירט, האט זיך דער העלעמער עולם געקליעבען נעהן אין שוהל צו מנחה פאר פריה, אום זייא זאללען קענען פריהער זיך מכין זיין צו דער סעודה, וויא דערשראָקען זיינען זייא אבער געוואָרען, אלס זייא האבען דערזעהען דאס אקאסטען פאהרט ארום אליין אין דיא פאלעס!

דחופים ומבוהלים, דערשראָקען צום טאָדט האבען זייא אלע ארויסגעלאפען צוריק, ווייל עס איז געוועזען גאנץ דייטליך ארויס צו זעהען אז דאָ מוס זיין עפעס מעשה שטן, אדער דיא קליפה אלליין רחמנא ליצלן, באלד האט זיך דיא נייעס פארברייטעט אין דער גאנצער שטעדטעל, מען איז געלאפען צום רב, צונויפגערופען א אספה, עס וואר פאָרגעלעגט פערשיעדענע פלענער, איינער האט געזאגט, מען זאָל באלד נעהן אללע אויפען הייליגען אָרט אונד בעטען מחילה דיא שוכני עפר, ווייל דאס מוס זיין געוויס אגלגול, אנאנדעריער האָט געגעבען אעצה מען זאל אריין נעהן אללע אין שוהל, בלאזען שופר און מחרים זיין דיא קליפה, אז מען האט אבער אנגעהויבען פרעגען מי בראש? ווער זאל דער ערשטער אריין געהן אין שוהל, האבען זיך אללע צוריק געצויגען, און דערווייל איז געווען והעיר חעלעם נבוכה!—

וכראות הרב, און אלס דער רב האט ארויסגעזעהן, אז פון דער אספה וועט נאר ניט זיין, און דערווייל קען מען חלילה עובר זיין זמן מנחה, בפרט נאך פורים, דאס קען דאך צושטערען דיא שמחה פון דער גאנצער קהילה, האט ער ארויסגעגעבען אפסק, מען זאל ווארפען גורל ווער עס זאל זיין דער ערשטער.

ויפולו פור הוא הגורל, און דער גורל איז געפאללען אויף ר׳ שבתי דעם כאנגען, דער שמש פון דער חברה קדישא, און חאטש ער איז געוועזען ניט קיין שרעקענדיגער, דאך האָט ער פריער אָב געזאגט וידוי, און נאכהער אויסגעטרונקען עטליכע גלעזער גוטען שנאפס דאן ערשט איז ער געגאנגען מיט א קלאפענדען הארצען און מיט ציטערענדיגע גליעדער מקדש השם ברבים זיין, און דיא איברינע זיינען איהם נאכגענאנגען וויא צערשראָקענע שעפעלעך.

ויחזק ה׳ את לב ר׳ שבתי, און דער השי״ת האט אריינגעגעבען מוטה אין ר׳ שבתי׳ם הארץ, און אויסשרייענדיג 3 מאָל שמע ישראל! האט ער אויפגעבראָכען דעם קאסטען.

ויזעקה זעקה גדולה ומרה! אונד אלס דיא חעלמער בעלי בתים האבען דיי... זעהען דארט ליגענדיג דעם דרדקי מלמד מיט זיין ווייב מלכה צו בלוטיג... ...ייט ויצאו נשמתם, איז כמעט ארויסגעפלויגען זייערע ...

פון שרעק, און נאכהער אז מען האט זייא אָב געמונטערט, האט דער רב זייא בע־שווארען זייא זאללען דערצעהלען, דעם אמת לפני כל הקהל וויא אזוי דער אונגליק האט מיט זייא פאסירט, און וויא אזויא זייא קומען אין פארשלאָסענעם קאסטען. אונד ווען קלונימוס האט דערצעהלט דעם גאנצען אמת, וויא זיין ווייב איז נעבּיך פארפיהרט געווארען פון דעם יצר הרע פון זאָקען, און דעם גרויסען אונגליק וואס זייא האט געטראָפען, איז געבליעבען בהיסכם, צו פערפאססען 3 תקנות אום צו פערהיטען דיא ווייטערע דורות פון אזעלכע אונגליקען רחמנא ליצלן.

ויכתבו בספר, אונד מען האט דאס פארשריבען אין פנקס אז מיום הזה והלאה טאר אמלמד ניט וואהנען אין שוהל נאס; און טאהר ניט האבען אקאסטען מיט רעדלעך, און עס טאהר זיך איהם ניט געקוסטען קיין טיינעכץ. און דער נא־מען פון שבתי שמש זאל זיין יזכר לטוב.

**ובזכות זה ובא לציון גואל, ונאמר אמן!**

**ע נ ד ע.**

ויזעקה זעקה גדולה ומרה! או

זעהען דארט ליגענדיג דעם דרדקי מלמ.